וועט ער גראבען. זא מהוען יענע לייט פיעל שאדען-און מיט זייער מאסקע פון אמונה! . . . זא וויא אחיה האט מען זיי פון ישוב בעדארפט פערטריאגען, אין וואלד איז פאר זייא א-נ-ארט אבער ניט צווישען „מענשען“! ווי קומט איהר אויפ'ן בארג-סיני צו זיטצען? אויף דיעזער וועלט-קאפעדרא? . . . בעפוצט נאר אויסערליך, א שיין דאממע אויסערליך, אבער עס פעהלט געשמאק, סימפאטיע, יושר, מענש! . . .

נאר — חס-מלהזכיר אונז צו גרויסען זיך אומזיסט, זאגען אז מיר זענען שוין גאר יוצא פאר אונזער צלם-אלהים! חס-ושלום אונז צו בעריהמען זיך אומזיסט, זאגען אז מיר זענען באמת אלע מאהל א-נ-עם-הנבחר א „פני-אדם-גדול“, א „אפי-רברבא“, דען עס איז געוועזען גאנצע פעריאדען אין אונזער היסטאריע וואס מיר האבען אויך נאר דעם טיטול „בהמה-בצורת-אדם“ געהאט . . . וויא דער נביא ישעיה זאגט: „ידע שור קונהו-ישראל לא ידע עמי לא התבונן“. ווי אין גלות-בבל זענען מיר זא פיעל פערדארבען געוועזען, אין כאראקטער, אין זויבער-לעבען (טהרת-משפחה) אז מען האט געאססימילירט, גוי'עשע פרויען גענומען, דעם „ואהבת לרעך“, אפילו פון פרוי, ניט געהיט, שבתים — מחלל געוועזען, א. ד. ג. זיך אויף גאנץ תורה פון אהבת-ה' פערגעסען. —

אמת, ח"ו קיינע מארדער קיינע אריה, נשר, דעם צווייטענס בלוט פער-גיסען — גאט באהיט! אבער א „פני-שור“ האט מען בעקומען, דעם צלם-אלהים, דעם „פני-אדם“ אנגעווארען . . .

דאן האט דער נביא יחזקאל דערויף גאט געבעטען ער זאל איהם צו הילף זיין, מיט עזרא-הסופר אונ די כנסת-הגדולה אלע זיי עטוואס אויף „מענש“ בילדען; דא האבען זיי די בני-ישראל לעת-עתה פאר א „אפי-זוטרא“ חאטש געמאכט, דער „שור“ איז א „אדם“ מיט מזל געווארען! אבער ניט א פאלגער פאלקאממענדער אדם, ניט קיין „אפי-רברבא“ נור א-נ-אפי-זוטרא“, א קליין מענשעלע איז ר' ישראל, וואו נעהמט מען גדולים אפי-רברבא? בני-עליה זענען זעהר ווייניג? „כרביא“ ווי א קינד זענען אונזערע פני-הדור, „כי נער ישראל — וממצרים קראתי לבני“. „וכרביא נהיו בצאתם מבבל“, אונ עד היום איז פערבליבען „קטן“ יעקב ודל. דער נותן-התורה ווייסט, ווען וועט די תורה אין גאנצען איר גלאנץ אויף דער גרויסער וועלט בכלל אונ אויף דעם מענשען-בילד בפרט — געבען! ווען וועט שוין מקוים ווערען „וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ“? ווען וועט שוין פון פני-אריה א שור ווערען, אונ פון שור א כרוב, אונ פון כרוב א פני-אדם אפי רברבא; כי תמלא הארץ דעת את ד' — ועל דמות הכסא דמות כמראה אדם עליו!!! מתי, מתי?! בב"א.

---